


**אַ צַייטוּנג פִיר יוּדִישֶׁע פְרוֹיעֶן אוּנ פַאמִילְיֶע.**

— — ערשיינט יעדע וואך — —

רעדאקטארען:

פיר פובליציסטיק אונ וויסענשאפט.
ד״ר ח. ד. הורוויץ.

פיר בעלעטריסטיק אונ פראווינץ־אבטהיילונג:
מ. ספעקטאר.

פערלאג „פאלקס־בילדונג“.

**אבאנאמענטס־פרייז פיר רוססלאנד:**
יעהרליך 3 רובל, האלב־יעהרליך 1.50 רובל
פירטעל־יעהרליך 75 קאפ.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
נור 5 רובל יעהרליך, האלב־יעהרליך 2.50
רובל, פירטעל־יעהרליך 1.25 רובל.
איינצעלנע נומערן 7 קאפ. 14 העללער.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ.
40 העללער.

**פרייז פיר מודעות (אנצייגען):**
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 קאפ.
40 העללער, 50 פפעניג.

**די אדרעסע פיר רוסלאנד:**
Издательство „ТУШІЯ“
ВАРШАВА
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“.

**אבאנאמענטס־פרייז:**
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 7.50 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . 3.75 „
פירטעל־יעהרליך . . . . 1.90 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 6.80 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר 6 שילינג 6 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 8.25 פראנק.
צוזאמען מיט דער „יודישע פאלקס־צייטונג“
יעהרליך 12.50 קראנען; 11.20 מארק;
11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך
אונ פירטעליעהרליך לויט דיזע רעכנונג.

**די אדרעסע פיר עסטרייך־אונגארן**
**אונ אנדערע לענדער:**
Administration
„Jüdische Frauenwelt“
Krakau, Krakauergasse 12.

**Krakau, 13 August 1902.** **Nr. 7** **קראקוי, י׳ אב, תרס״ב.**



## שטומע קינדער.

(ענדע).

שטומע מענשען האבען זייערע סימנים אונ צייכען, וועלכע מען קען גאנץ גוט פערשטעהן. זייערע „שטומע צייכען“ געבען אבער נישט איבער זייערע אינוועניגסטע געפיהלען. ביי דעם שטומען מענשען ליעגט שטענדיג ווי א משא אויפ׳ן הארצען, ווייל ער האט נישט קיין לשון, דאס הייסט, ווייל איהם פעהלט די מוזיק, די שענע קולות, דורך וועלכע דער מענש קען ארויס זאגען זיינע טיעפסטע געפיהלען פאר אנדערע מענשען, בכדי עס זאל איהם ווערען אויף דער נשמה עפּיס גרינגער, עפּיס פרייער. שטיל אונ טרויעריג איז דעריבער אין דער שטומע זעלע, ווי אויפ׳ן אייביג־שטילען אונ טרויעריגען בית־עולם.

אונ נישט נאר דער שטומער, נאר יעדער מענש, וואס קען נישט ארויס זאגען אלע זיינע געדאנקען אונ געפיהלען אין זיין שפראך, דאס הייסט, יעדער וועמען עס פעהלט א מוטער־שפראך, האט באמת קיין לשון נישט, ער מעג זיך קענען רעדען פיעל לשונות.

אזוינע מענשען — זענען מיר יודען. אונ חאטש יעדער פון אונז קען חוץ זיין יודישע שפראך וועניגסטענס דעם לשון המדינה,

וואו ער וואהנט, זענען מיר דאך שטומע מענשען, ווייל מיר האבען נישט קיין אייגענעם נאציאנאלען לשון.

מיר האבען לאנג פערלארען אונזער שפראך און דאס האט א שלעכטע ווירקונג אויף דעם יודישען געדאנק, און שטערט די די נאטירליכע ענטוויקעלונג פון דער יודישער נשמה.

איין יוד פיהלט זעהר אפט בשעת ער רעדט אויף דער אדער יענער שפראך, אז איהם פעהלט פלוצים דווקא די ווערטער, וואס ער ברויכט און אז ער זאגט ארויס נישט דאס, וואס ער פיהלט. ער שטעלט זיך אב, דענקט און טראכט, אבער וויפיעל ער מאטערט זיך נישט און מוטשעט נישט זיין מוח, געפינט ער נישט דעם ריכטיגען אויסדרוק, און דאס קומט נאר דערפון, ווייל די שפראך — איז ניט זיין מוטער־שפראך.

מיר, דערוואקסענע יודען, זענען שוין אזוי געוואוהנט געווארען צו אונזער שטומקייט, אז מיר בעמערקען זי שוין כמעט נישט. אונזערע יונגע קינדער אבער פיהלען טאקי דעם גרויסען שמערצען פון זייער שטומקייט; זייער יונגע און געזונדע קינדערשע זעלע שרייט און בעט איין אייגענע שפראך, און מיר, יודישע עלטערען, פערשטעהען אונזערע קינדער נישט און מאכען זיי אויך — פאר שטומע.

ווארום לאמיר זיך נישט נארען: וואס געבען מיר אונזערע קינדער?

געבילדעטע יודישע עלטערען לערנען אויס זייערע קינדער נישט איין שפראך, נאר עטליכע מיט אמאל: די שפראך פון לאנד — מוז מען דאך קענען, און חוץ דעם לערענט מען זיי נאך אנדערע אייראפעאישע שפראכען: דייטש, ענגליש, פראנצויזיש. יודישע קינדער זענען דאס רוב גרויסע בריות אויף אויסצולערנען א שפראך — און דאך זענען די אלע שפראכען פארט נישט קיין מוטער־שפראך. אין די פיעלע שפראכען, וואס אונזערע קינדער לערנען, הערען זיי קולות פון פרעמדע וועלטען, פרעמדע מעלאדיען, פרעמדע געפיהלען און אידעאלען.

אונזערע געבילדעטע קינדער רעדען גוט א סך שפראכען, און האבען דאך קיין לשון נישט, ווייל זיי פיהלען נישט די טיעפע און פערבארגענע שענקייט פון א געבארענער מוטער־שפראך. ווער ווייס, אפשר לערנען יודישע קינדער אזוי גרינג אלע שפראכען אין דער וועלט, ווייל זיי האבען ניט קיין אייגענע שפראך, צו וועלכע עס זאל זיי ציהען מעהר, ווי צו אלע שפראכען: אלע שפראכען זענען זיי דעריבער גלייך טייער, אדער גלייך נישט טייער...

פיעל גליקליכער זענען די קינדער פון פאלק, וועלכע האלטען זיך, לכל הפחות, אן אונזער יודישער שפראך און טהיילמאלס פערשטעהען זיי נאך דערצו אויך אונזער נאציאנאל־שפראך, די העברעאישע. וואס גיט זי אבער אונזער יודישע שפראך?

אמת, די שפראך געברויכען מיר שוין פיעלע הונדערטער יאהרען, זי איז געווארען פאר אונז כמעט ווי א צווייטע מוטער־שפראך, אין איהר שפיעגעלט זיך טהיילמאל אב דער רייכער יודישער גייסט, דער יודישער וויטץ, דאס יודיש הארץ; פון דעסטוועגען בלייבט די יודישע שפראך נישט ענטוויקעלט, און מען קען אין דער היינטיגער יודישער שפראך נישט ארויסזאגען אלע געפיהלען פון דער רייכער יודישער נשמה...

די יודישע שפראך איז געבליעבען א וואכעדיגע שפראך. אין איהר רעדען זיך ארויס זעהער שען נאר די שווערע זארגען און שרעקען פון דעם יודישען לעבען, אויף איהר ליעגט דער אויביגער טרויער פון דעם יודישען גלות, פון דעם יודישען אומגליק.

דאס יודישע קינד געפינט אין זיין „מאמע־לשון" נאר דאס וואכען־לעבען מיט זיינע זארגען, מיט זיינעם, טהיילמאלס שענען און

# פעליעטאן.

## ווער ווייסט?

אראמאן אין צוויי טייל

פון

שלום־עליכם

(פארטזעטצונג).

V.

### ער און זי אין איין חדר.

דינה איז געוועזען א געראטען קינד. זי האט גיך איבערגעיאגט אלע יונגליך וואס ביי שעפסיל דעם מלמד אין חדר און עס האט מיט איהר גע־שמט די נאס. „א מאנסבילשע קאפ" האט מען אויף איהר געזאגט. יהושע יענקעל איז געוועזען אויפ׳ן זיבעטען הימעל, נאט האט איהם געשטראפט, ער האט נישט געהאט קיין זוהן, האט ער געוואלט אז זיין טאכטער זאל כאטש קאנען עברי, און פאר וואס ניט אפלערנען א פרשה חומש און אנשרייבען א יודיש בריוויל? אפילו לאה איז אויך צוגעשטאנען דערצו, כאטש פון אנהויב איז זי געוועזען דערפון נישט אזוי צופרידען און געזאגט אז א מיידיל בעדארף ניט קאנען לערנען, — ווארום „א הוהן אז זי הויבט אן קרייהען קוקאריקו שיקט מען זי צום שוחט", נאר גאר נישט, אויך די אייגענע מעשה, אז דו ווילסט לערנען לערען, ווי זאגט מען: „א מענש זאל אלדינג קאנען און קיין זאך נישט בעדארפען". — און דינה האט געלערענט.

דינה איז געוועזען ביי שעפסיל דעם מלמד איין מיידיל אין חדר, וואס האט געלערענט א חוץ שרייבען אויך תנ"ך גלייך מיט אלע יונגליך; סע פערשטעהט זיך אז די יונגליך האבען זי נישט געקאנט ליידען. פריהער האבען זיי פון איהר גלאט געלאכט, געמאכט חוזק. נאכדעם האבען זיי איהר אנגעהויבען דעקוטשען, טהון צום טוידט, געריסען ביים צעפיל, אנגעשריבען איהר אויף די פלייצעס מיט קרייד „ושתי" וכדומה אזעלכע יונגעלשע חכמות. נאר מעהר פון אלע האט זיך איהר איינגעגעסען אין דער לעבער דוד, אדער ווי מע האט איהם גערופען „דעם נגידס זוהנדיל".

דוד איז געוועזען א יונגעל מיט א שען ווייס פנימעל, מיט בלויע ווייכע גוטע אייגעלעך, תמיד ריין, ציכטיג אנגעטהון און א ביסעל פארטראכט, האט געהאט נישט קיין שלעכט הארץ, פלעגט רחמנות האבען אויף איין ארעמאן, העלפען איהם מיט א שטיקעל ברויט, א שטיקעל צוקער, א מאל מיט א גראשען. נאר פאר איין זאך האט זי איהם פיינט געהאט און האט געפיהלט, אז זי איז איהם א שונא: דערפאר, וואס ער איז „א נגיד׳ס א יונגעל", נישט ווייל זי האט איהם מקנא גיוועזען, אדער נישט פארגונען, ניין: נאר דערפאר, וואס אלע חברים האבען איהם געחנפעט, און מעהר פון אלעמען — שעפסיל דער מלמד. אנקוקען האט זי איהם נישט געקאנט, בשעת ער פלעג איהם קוקען

פאטעטישען, טרויער. אבער די רוהע אונ די הייליגקייט פון שבת פעהלט דעם יודישען קינד אין זיין "יודיש" אונ דער שטענדיגער טרויער, די אייביגע וואכעדיגקייט פון זיין יודישע שפראך, מוטשעט די קינדערשע זעלע, וועלכע שטרעבט אויך נאך שבת'דיגע פריידען, נאך הייליגע אונ ליכטיגע אידעאלען.

אונזער נאציאנאלע שפראך איז זיכער די העברעאישע; אבער צום אומגליק האט זיך אונזער היסטארישע מוטער-שפראך לאנג — לאנג אבגעווענדעט פון דעם ווירקליכען לעבען, זי לעבט מעהר נישט ווי אין אונזערע ביכער אונ תפלות. אום צו פערשטעהען די שפראך, מוז מען די לשון הקודש'דיגע ווערטער צו ערשט איבערזעטצען פאר דאס קינד אין "יודיש". דאס יודישע קינד פיהלט שטענדיג, אז צווישען איהם אונ זיין שפראך ליעגט א גרויסע מחיצה, — אזוי גרויס, ווי דאס גאנצע גלות-לעבען. עס פיהלט גאנץ גוט, אז די העברעאישע שפראך, ווי זי איז איצט, בלייבט נאר א שבת'דיגע; זי איז פרעמד דער ווירקליכער וועלט — דער וואך, מיט איהרע אמת'ע לעבעדיגע פריידען אונ זארגען, אונ דארום געפינט דאס קינד אויך דארט נישט, וואס עס וויל אונ וואס עס ברויך.

דאס יודיש קינד וויל אונ ברויך א שפראך, וואס זאל ארומנעהמען זיין שבת אונ זיין וואך, וואס זאל צונויפוואקסען מיט אלע זיינע געפיהלען אונ געדאנקען, מיט זיין גאנצער נשמה. עס בעדארף א מוטער-שפראך, מיט איהר זיסע מוזיק, מיט איהר נאטירליכען חן אונ רייכקייט...

פערוואגעלט איז דער יוד, נע-ונד זיין גאנצעס לעבען, אונ אויך דאס יודישע שפראך-געפיהל בלאנדזשעט ארום ווי א שאטען צווישען די פיעלע שפראכען פון דער וועלט, אונ געפינט ערגיץ נישט קיין רוהע, קיין פרייד, קיין פעסטען גרונד...

אונ די יודישע קינדער בלייבען מיט זייער פיעל לשונות — שטומע קינדער.

קען עס אזוי ווייטער געדויערען?

נ. טשערנאק.

---

# די פרויען-וועלט.

I.

## אלגעמיינע נייעס.

(פרויען אין שטאטס דיענסט). אין ענגלאנד געפינען זיך כמעט צוויי-הונדערט פרויען נאטשאלניצעס אויף די סטאנציעס פון אייזענבאהן. אין גלאצעסטער איז איין אלטע דאמע א בריעף טרעגערין שוין 60 יאהר. אין דער שטאדט רענט אין שאטלאנד איז א פרוי איין אויפזעהערין פון איין אסטראג. א סך פרויען אין ענגלאנד אונ אמעריקא זענען דירעקטארען אין פערשיעדענע בייגק; נישט לאנג איז א פרוי אין ענגלאנד געווארען שיפס-קאפיטאנין אונ פיהרט איהר אייגענעם שיף אין דעם מיטלענדישען-ים.

אויף די ענגלישע פאטשטען ארבייטען דרייסיג טויזענד פרויען אונ אין 5 ביז 6 טויזענד פאטשטען ארבייטען נאר פרויען אליין.

(ווען בעשטראפט מען פאר נישט האלטען קיין ווארט?). דער סענאט האט ערקלעהרט, אז נאר דעמאלט בעשטראפט מען דעם מאנסבעל, וואס האט צוגעזאגט א מיידעל חתונה צו האבען מיט איהר אונ האלט נישט קיין ווארט, ווען ער האט דאס געזאגט פאר פרעמדע מענשען, אדער ווען עס איז שוין געוועזען א תנאים צו אקנין.

(אורלויב פאר פרויען-טעלעגראפיסטענען). די פרויען וואס ארבייטען שוין א יאהר אין בערלינער טעלעגראפען-אונ טעלעפאנען-אנשטאלטען, האבען בעקומען ערלויבניש, ארויס צו פאהרען אויף א זומער-וואהנונג אויף א פאר וואכען; די וואס ארבייטען שוין איינינע יאהר אין די דאזיגע אנשטאלטען, האבען בעקומען ערלויבניש ארויסצופאהרען אויף א

---

אין די אויגעליך אריין אונ זאגען: "דוד'ל, וואס מאכט עפיס דער טאטע?" גלייך, ווי נאר איין טאטע איז פאראן אויף דער וועלט — ביי דוד'ן, אונ די אלע איבעריגע טאטעס פון די אלע איבעריגע תלמידים זענען בלאטע! עס האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז דוד פיהלט דאס, וואס ער איז "א נגיד'ס א יונגעל", אונ ער נעמט זיך דערמיט איבער, אונ עס האט איהר שטארק פארדראסען. איין מאל האט זיך דוד עפיס זעהר שטארק בארימט פאר די חברים מיט זיין טאטען: דער טאטע קומט צופאהרען, דער טאטע האט פארדינט געלד, דער טאטע מויערט א נייע שטוב... דינה וואס איז געזעסען ביי דער זייט אונ געשריבען האט איהם איבערגעשלאגען אין מיטען שמועס אונ די אויגען האבען בשעת מעשה זיך ביי איהר אנגעצונדען מיט א משונה מאדנע פייעריל.

— אונ מיין טאטע זאגט, אז ער געדענקט אז דיין טאטע איז נאך געשטאנען מיט א וואגען פיש אין מיט'ן מארק אונ געשריגען: "ווייבעליך אהער, ווייבעליך פיש! פרישע צאפעלדיגע פיש!"...

דער גאנצער חדר האט נישט געענטפערט דאס אנדערע ווארט; נאר אין הארצען האט ער געטראגען אויף דינה'ן א פערבארגענע שנאה. ס'איז נאך נישט געבאהרען געווארען דער מענש אויף דער וועלט, וואס זאל אייך זאגען א דאנק דערפאר וואס איהר האט געזאגט דעם ריינעם אמת. ניטא דער מענש אויף דער וועלט, וואס זאל אייך זיין א שונא דערפאר וואס איהר האט איהם געלויבט אין די אויגען, כאטש ער ווייסט אז איהר זאגט א ליגען...

אז דוד איז געקומען אהיים, האט ער זיך ניט געקאנט איינהאלטען אונ האט דערצעהלט דער מאמען, אז ביי זיי אין חדר איז פאראן א מיידיל הייסט זי דינה, זאגט די דאזיגע דינה, אז איהר טאטע געדענקט, אז מיין טאטע איז געשטאנען מיט א וואגען פיש אין מיטען מארק אונ געשריגען: "ווייבעליך אהער, ווייבעליך פיש! פרישע צאפעלדיגע פיש!"...

דער הערט אזא מעשה איז דוד'ס מאמע געקומען צעלויפען אין חדר אריין אונ האט מכבד געווען שעפסיל דעם מלמד, איהם געמאכט א וויסטען סוף, געזאגט אז זי וועט אפנעמען איהר זוהן פונ'ם חדר... איז שעפסיל געווארען אנגעצונדען אונ האט ארויסגעטריבען דינה'ן פונ'ם חדר. האט דאך דינה'ס מוטער, לאה די צעלניקערין, מסתמא געגעבען יהושע יענקלען א וויסטען פסק, וויפיל ס'איז אין איהם אריין, אונ צו דינה'ן האט זי געזאגט:

גענוג שוין, טעכטעריל, דו קאנסט שוין! צייט זאלסט זיך בעסער צולערנען זיין א קרעמערין, א בעל הבית'טע אין שטוב, העלפען דער מאמען. "הארעווע מיידעלע, וועסט דו האבען א קליידעלע"— האט לאה די צעלניקערין אויסגעלאזט, ווי איהר שטייגער, מיט א ווערטיל.

אונ דינה'ס גליקליכע קינדערשע יאהרען האבען זיך אויסגעלאזט, זי איז געווארען א קרעמערין אונ א בעל הביתטע אין שטוב.

(פארטזעטצונג קומט).

חדש אונ אנדערהאלבען חדשים; שוואכע אונ קראנקע האט מען אוועק געשיקט אין די בעדער, זיך צו קורירען.

(א שענע נדבה). פרוי עמיליא שמידט אין ווארשא האט מנדב געווען אויף פערשיעדענע צדקה חברות דרייסיג טויזענד רובל.

II.

## יודישע נייעס.

(חמדה בן־יהודה). אין בערלין איז פאריגען חדש געווען איין אספה ביי דער חברה „שפה ברורה" אויף וועלכע פערשיעדענע יודישע געלעהרטע האבען געהאלטען רעדען. אויף דער אספה איז אויך געוועזען חמדה בן־יהודה, פרוי פון בן־יהודה, רעדאקטער פון דעם העברעאישען בלאט: „השקפה" וואס געהט ארויס אין ירושלים. פרוי בן־יהודה האט אויך געהאלטען א שענע רעדע אויף לשון קודש אונ האט דערצעהלט אז פיעל מענשען רעדען אין ארץ ישראל לשון קודש ווי מוטערשפראך, א חוץ דעם האט זי מיט א סך פאקטען בעוויזען, אז אונזער לשון קודש קען ווידער ווערען איין אמתע לעבעדיגע שפראך.

(א סקאנדאל). אין אמעריקא איז א געזעטץ, אז מען זאל קיין קראנקע עמיגראנטען נישט אריין לאזען, אונ די אמעריקאנישע פאליציי היט דאס געזעטץ זעהר שטארק. א געוויסע יודישע פרוי מאריע שולץ, וואס האט א לאנגע צייט אין אמעריקא געוואהנט, איז געפאהרען צום בעזוך צו איהרע פריינד אין וויען, זי האט דארט פערבראכט א לענגערע צייט אונ איז דערנאך צוריק קיין אמעריקא גערייזט. אויפ'ן וועג האט איהר געטראפען א אומגליק. זי האט זיך א פוס צובראכען אונ אז זי איז קיין אמעריקא אנגעקומען, האט מען זי פון שיף נישט ארונטערגעלאזען. עס האט נישט געהאלפען קיין בעטען אונ זי האט געמוזט צוריק רייזען נאך איראפא.

(א יודישע פרוי איין אינזשינער). די טעג האט א יודישע פרוי ר. א. קאנעווסקי אין פאריז אויסגעהאלטען עקזאמען אונ איז געווארען איין אינזשינער. די דאזיגע פרוי איז געבארען אין דער שטאדט זענקאוו (פאלטאווער גובערניע) וואו זי האט איהרע ערשטע בילדונג בעקומען. אין יאהר 1897 איז זי אנגעקומען קיין פאריז אונ האט א יאהר געהערט אין אוניווערזיטעט לעקציעס פון מאטהעמאטיק, דערנאך האט זי אנגעהויבען שטודירען אינזשינער אונ האט דעם עקזאמען אויסגעהאלטען אויפ'ן בעסטען אופן, די אינזשינערען איז אין גאנצען אלט 25 יאהר. פרוי קאנעווסקי האט בדעה צוקומען צוריק נאך רוסלאנד, דארטען האלטען ווידער עקזאמען אונ זיך זוכען א שטעלע ערגיץ אויף א באהן אלס אינזשינער.

— מאנטאג דעם 4 אויגוסט איז אב געפאהרען פון ווארשא די 3־טע אונ לעצטע פארטיע קינדער, וואס בעשטעהט פון 120 נפשות אויף א זומער־וואהנונג קיין פשעדבאז (ראדימער גוב.) אונטער דער השגחה פון די הערען: מ. לעדערער, קינדענפעלד, וויטענבערג אונ האסענביין — פארדעם זענען שוין אוועקגעפאהרען צוויי פארטייען וואס יעדע איז בעשטאנען פון 120 קינדער. די קינדער וועלען דארטען זיין 4 וואכען.

## יודישע פרויען.

### ברוריה (וואלעריא).

(ענדע).

ברוריה האט אבער זיך נישט בעגענוגענט מיט דעם, וואס זי אליין שטעהט כמעט אזוי הויך אין וויסענשאפט אונ בילדונג, זי האט געוואלט, אז די לאגע פון אלע איהרע שוועסטער, וועלכע זענען דאמאלס געשטאנען זעהר נידעריג, זאל פערבעסערט ווערען.

מיר מוזען זיך אבשטעלען אונ בעטראכטען דעם אמאליגען מצב פון די פרויען בכלל.

די יודישע פרוי איז פון תמיד געשטאנען אויף זעהר א הויכע מדרגה אין דער משפחה אונ אין דער געזעלשאפט. אונזערע אבות אברהם, יצחק אונ יעקב, וועלכע האבען שטארק געשעצט זייערע פרויען, אונ אהן זייער הסכמה גאר נישט געטהון, זענען געווען א בעווייז צו זייערע קינדער אויף דורי־דורות, אז א פרוי האט דאס זעלבע רעכט ווי דער מאן אין אלע ענינים פון לעבען, נאר ביסליכווייז איז די לאגע פון דער יודישער פרוי, א דאנק די ווירקונג פון די אנדערע פעלקער, ערגער געווארען, אזוי, אז אפילו די תלמידי־חכמים האבען אנגעהויבען מבזה צו זיין זייערע פרויען.

ברוריה האט ניט געקענט גלייכגילטיג בלייבען זעהענדיג, אז די חכמים גלייכען א פרוי צו א שפחה, רויבען פון איהר אלע מצות ווי פון א קנעכט. מעהר פון אלץ האט איהר פערדראסען, וואס אפילו איהר רבי מאיר איז אויך מסכים דערצו. ער איז נאך שטרענגער פון אלע איבעריגע חכמים, ער האט איינגעפיהרט ביי יודען גאר א שפאגעל־נייע ברכה, וועלכע איז א בזיון פאר די ווייבער.

יעדער מאנסביל, זאגט רבי מאיר, דארף מאכען דריי ברכות יעדען טאג: „געלויבט ביזט דו גאט וואס דו האסט מיך ניט בעשאפען קיין געטצענדיענער, קיין פרוי אונ קיין עם־הארץ".

אונ אזוי קומט אויס, אז וועלכער ניט איז מאנסביל גיט א שבח צו דעם בורא עולם, וואס ער האט איהם ניט בעשאפען קיין אשה, ווי ברוריה, די אשת חיל, וועלכע איז מעהר געלערענט פון דעם גרעסטען תלמיד־חכם.

אמת, אזויגע ווייבער ווי ברוריה איז ווייניג דא. נאר אין דעם זעלבען זענען וויטער שולדיג די חכמים, וועלכע האבען שטרענג פערבאטען ניט לערנען א טאכטער קיין וויסענשאפט.

ברוריה'ן האט שטארק פערדראסען, פאר וואס די חכמים האבען זיך גענומען די ברייטקייט ארויסגעבען א כלל, אז פרויען האבען א גרינגע דעה, אז איין אשה קען מען לייכט אראבפיהרען פון גלייכען וועג? אדרבה, ברוריה איז זיכער געוועזען, אז אפילו איהר אומגליקליכע שוועסטער, וועלכע מען האט פארווארפען אין דער צייט פון רדיפות אין א שענדליך הויז, איז אויך ריין אונ ערליך, ווארום קיינער ווייסט נישט אזוי צו היטען איהר ערע — ווי די יודישע פרוי.

אונ זי רעדט איין איהר מאן, ער זאל פאהרען מציל זיין איהר שוועסטער פון חרפה. ר' מאיר האט אבער ניט געגלויבט, אז די שוועסטער איז נאך ביז איצט ריין אונ אומשולדיג. כדי צו וויסען דעם אמת, האט ער זיך פערשטעלט פאר א רעמישען מאגנאט, ערשט, אז ער איז דערגאנגען, אז זי איז באמת איין ארענטליכע פרוי, האט ער זי מיט גרויס מסירות־נפש מציל געווען.

אונ דאך האט ער זיין מיינונג וועגען פרויען בכלל נישט געביטען. דאס האט ברוריה'ן גרויס עגמת־נפש פערשאפט, זי פלעגט תמיד מיט איהר מאן האבען וכוחים וועגען דעם. ער פלעגט אבער איהר קורץ ענטפערען, אז עס וועט נאך קומען א צייט, וואס זי וועט אליין מודה זיין, אז ווייבער האבען באמת א גרינגע דעה. ברוריה איז

אין כעס געווארען אויף איהר מאן און אויף אלע חכמים. די גוטע ברוריה איז פון דעמאלט אן ברוגז געווען אויף די תנאים, אויף איהר מאנ'ס חברים, זי האט ליעב געהאט זאגען זיי שטעכווערטער, צייטענ־ווייז זיי זידלען אויך. און זי האט זיך געפיהלט עלענד און גאנץ אליין צווישען די „געלעהרטע" פרויען־פיינד.

מען קען זיך פארשטעלען, ווי גרויס איז געווען ברוריה'ס פרייד, אז איינער פון ר' מאיר'ס תלמידים האט אנגעהויבען האלטען פון איהרע דעות.

ביי איהר האט זיך דערוועקט א האפנונג, אז פון די יונגע חכמים קען קומען די הילפע פאר די ווייבער, אז די יונגערע גע־לעהרטע, וועלען מיט דער צייט קענען איבערבייטען די שטרענגע דינים קעגען איהרע שוועסטער, און וועלען צוריקגעבען דער יודישער פרוי איהר אמאליגען כבוד און ווערט.

קיין וואונדער ניט, אז ברוריה האט זיך צוגעלאזט צו דעם יונגען מענשען. ר' מאיר'ס תלמיד, פון זיין זייט, האט זיך אלס גע־פלייסט איין רעדען ברוריה'ן, אז ער איז איבערגעגעבען איהרע דעות מיט לייב און לעבען. די אומגליקליכע ברוריה האט זיך באמת גע־לאזט איין רעדען דורך אזעלכע זיסע ווארימע ווערטער, וואס זי האט נישט געהערט פון קיין שום מאנסביל, אפילו פון איהר אייגענעם מאן!

א לאנגע צייט איז אריבער. ברוריה האט אלץ מעהר און מעהר געגלויבט אין דעם תלמיד, און איהר האפנונג אויף דעם יונגען דור איז אלץ שטארקער געווארען. און מיט אמאל איז אויך דער לעצטער פונק פון איהר האפנונג אויף אייביג פערלאשען געווארען.

אין איין פריהמארגען האט זיך איהר דער תלמיד מודה געווען, אז דאס איז אלץ געוועזען איין אנשטעל. די גאנצע כונה איז גע־וועזען, פריוען אראבפיהרען ברוריה'ן פון דרך הישר, בכדי איהר צו דערווייזען, אז די חכמים האבען רעכט געהאט, וואס זיי זאגען, אז ווייבער זענען ניט פעסט אין זייער דעה.

ערשט דאמאלס האט זי דערזעהען דעם שרעקליכען תהום, וואס טהיילט אב דעם מאן פון דער פרוי, און דאס לעבען האט פלו־צים פערלארען אין איהרע אויגען דעם גאנצען ווערט.

צו וואס זאל די פרוי לעבען אז אפילו איהר אייגענער מאן קען זי ניט שעטצען און קען זי חושד זיין אין דעם, וואס דער פרוי איז הייליגער פאר אלץ, — אין איהר עהרליכקייט און טרייהייט?...

— צו ליעב וואס זשע טויג לעבען? זיין א דיענסט... זיין א חפץ ביי דעם מאן, ווייל ער איז מיך מקרב און אז ער וויל איז ער מיך מרחק, איז נישט גלייכער צו שטארבען?...

*

און אין איין פריה מארגען האט ר' מאיר געפונען זיין ווייב א טויטע אויף איהר בעט, זי האט זיך דערווארגען.

ר' מאיר איז פון בזיון און חרטה אנטלאפען קיין בבל.

יעקב ליבערמאן.

# אנ'עבור־יאהר.

(ערצעהלונג)

פון ר. א. ברודס.

## I

עליזאבעטא איז אלט א יאהר פינף־און־דרייסיג, און איהר טעכטעריל ראזא קוים זעכצעהן יאהר — לויט די ווייבערשע חשבונות, ווי זיי רעכענען זיך די יאהרען.

עליזאבעטא אז זי קוקט זיך אן אין גרויסען שפיגעל גיט זי א שמייכעל און טראכט זיך: „חלעבען, איך זעה נאך אויס ווי א ווייבעל פון פינף־און־צוואנציג יאהר"; אמת טאקי דאס איז אביסעל גוזמא'דיג, — אבער זי האט גאנץ רעכט ווען זי זאגט: „אהא! ס'איז נאך דא א סך מיידלעך ביי אונז וואס זעהען אויס א סך עלטער פון מיר, — זיי וואלטען זיך נאך געוואונשען אויסצוזעהען אזוי יונג ווי איך זעה אויס". און דאס איז טאקי אמת: עליזאבעטע זעהט זעהר יונג אויס, איהרע בעקליך זענען נאך פריש און די ראזען דארט זענען נאך כמעט בליהענד; איהרע אויגען נאך מיט פול פייער, און איהרע שענע שווארצע האר גלענצען נאך; אז זי גיט א לאך זעהט מען איהרע שענע ווייסע געזונדע ציינער צווישען די בלוט רויטע ליפען, און אז זי געהט בעמערקט מען דעם גיכען טריט און די לייכטע בע־וועגונג פון איהר גאנצען קערפער; און קיינער קען ניט זאגען אז זי איז מעהר אלט, ווי זי גיט זיך אויס.

אמת, עס שטעקט אביסעל קונסט אויך דערביי. ניט אומזיסט שטעהט זי אב ביים שפיגעל א פאר שעה יעדען טאג אין דער פריה צורעכט צו מאכען איהר שען פנים: אביסעלע פודער, אביסעל פון נאך אזוינע קלייניגקייטען... אבער דאס טהון דאך אפילו די מיידלעך אויך, און אפילו איהר אייגענע טאכטער ראזא אויך, וואס זי איז דאך נאך א קינד.

„א קינד" — אזוי רופט איהר די מוטער, און אזוי שטעלט זי איהר פאר פאר אלע יונגע לייט וואס קומען דארטען אין שטוב. „דאס קינד וועט זיין אמאל זעהר שען אז זי וועט עלטער ווערען" זאגט זי שטענדיג; ראזא הערט דאס און עס פערדריסט זי שטארק: זי אליין ביי זיך ווייס גאנץ גוט אז זי איז שוין ניט מעהר א קינד, איהר הארץ פיהלט שוין, געלוסט שוין און — ליעבט שוין אויך... זי האט אפשר גאר ניט אונרעכט אז זי מיינט אז אלע יונגע לייט וואס קומען דא — קומען נאר פון איהרעט־וועגען, און זי איז ברוגז פאר וואס איהר „מאמא" אונטערהאלט זיך אליין מיט זיי, און איהר מאכט זי נאר פאר א קינד.

און עליזאבעטא טהוט דאס ניט עפיס אויף להכעיס, זי רעכענט איהר טאכטער טאקי אין אמת'ן נאך פאר א יונג קינד, ווייל זי אליין וויל דאך נאך אויך גאנץ יונג זיין, — און ווי שיקט זיך א דערוואקסענע מויד צו האבען? זי אליין וויל זיך נאך אונטערהאלטען מיט די יונגע לייט. זי אליין האט נאך שטארק הנאה פון א פאר קאמפלימענ־טען וואס מען מאכט איהר, — און ווי קען זי גאר צולאזען דעם געדאנקען אז איהר טאכטער זאל שוין זיין א פריילען? גאנץ קאלט־בלוטיג האט זי צוגעזעהן אז מען מאכט ראזא'ן אויך א קאמפ־

לימענט, אַז מען אונטערהאַלט זיך מיט איהר אויך, — מְהֵיכָא־תֵּיתָא ניט? לאָז דאָס קינד אויך אַ פֿרייד האָבען.

אײַפֿערזיכטיג איז ראָזאַ אויף דעם אויך ניט געווען. ווען עס האָט איהר אֲפִילוּ פֿאַרדראָסען, אָבער זי האָט זיך ניט געמאַכט דער־אויס, — די אַלע יונגע לײַט זענען איהר ווייניג־וואָס אָנגעגאַנגען, ביז אויף אײנעם. ביז דאַוויד גדַליָאַוויטש זוסמאַן איז צוריק געקומען, ביז עליזאַבעטאַ האָט אויך איהם אַ זאָג געטהון: „נו, ווי געפֿעלט אײַך איצט מײַן ראָזאַ? זי איז נאָך יונג, אַ קינד, אָבער זי וועט אַמאָל אויסוואַקסען אַ שעהנע פֿרײלען“...

בײַ דאַווידן אין די אויגען אַ קינד צו זײַן וויל ראָזאַ דורכאויס ניט! איהם ליעבט זי און ער ליעבט זי אויך.

*

איהר פֿאָטער, לאַזער צוקער, און גדַליָה זוסמאַן, דוד'ס פֿאָטער, זענען אַלטע גוטע פֿרײַנד, אויך עליזאַבעטאַ און אֶסתֵּר, דוד'ס מאַמע, פֿערהאַלטען זיך זעהר גוט, און די קינדער זענען כּמעט צוזאַמען אויפֿגעוואַקסען. דוד מיט ראָזאַ'ן האָבען זיך נאָך קינדערווײַז געשפּיעלט, אין־אײנעם ביסליכווײַז גרעסער געוואָרען געוואַקסען — ראָזאַ אין אײנעם פּענסיאָן, דוד אין גימנאַזיע — ביז ער איז שוין געוואָרען אַ בָּחוּר פֿון אַ יאָהר נײַנצעהן, זי אַ פֿרײלען מיט 2—3 יאָהר יונגער. ער האָט שוין די גימנאַזיע געענדיגט און גרייט זיך פֿאָר צו פֿאָהרען אין אײן אוניווערזיטעט. ער איז געקומען אין צוקער'ס הויז זיך געזעגענען, ער געהט אַרויס מיט ראָזאַ'ן אַביסעל שפּאַצירען אין גאָרטען, דאָרטען געזעגענען זײ זיך בײדע, אַ פּאָר טרעהרען האָט דערבײַ אויך ניט געפֿעהלט, אַזוי לאַנג אַזוי ברייט ביז דוד און ראָזאַ האָבען מיט אַ שטאַרקען האַרץ־קלאַפּעניש, זיך ערקלעהרט אין דער ליעבע. זײ האָבען צוגעשוואָרען אויף אײביג טרײַ צו בלײַבען און וואַרטען אײנער אויף דעם אַנדערען. דאָס אַלץ איז געווען אין דער שטיל, בְּסוֹד־סוֹדוֹת, קײנער האָט דערפֿון נישט געוואוסט. פֿון דער אוניווערזיטעטס־שטאָדט האָט דוד איהר געשריעבען בריעף, זי האָט איהם געענטפֿערט, די בריעף זענען געווען פֿול מיט ליעבע, מיט הייסע פֿײַערדיגע ווערטער, — אָבער דערפֿון האָט אויך קײן מענש אין דער וועלט ניט געוואוסט, ביז דוד האָט איהר צום לעצטען מאָל געשריעבען אַז ער איז שוין אַ געענדיגטער דאָקטאָר און ער פֿרייט זיך שוין איהר ווידער צו זעהען און פֿון איהר זיס מויל ווידער צו הערען איהרע קלינגענדע שטימע... ראָזאַ איז געווען איבער גליקליך, עס האָט איהר שוין גאָר ניט געאַרט וואָס אין שטוב געהט פֿאָר, עס האָט איהר נישט מעהר פֿערדראָסען וואָס די „מאַמאַ“ אונטערהאַלט זיך מיט די יונגע לײַט,— זי האָט דוד'ן אין זינען, דוד'ן און טאַקי נאָר דוד'ן...

און אָט איז ער געקומען, אָט איז ער בײַ איהר צו הויז און די מוטער נעהמט איהם אויך אַוועק...

עליזאַבעטאַ איז געוואָרען אין אֱמֶת'ן איבערראַשט זעהענדיג ווי „דאָס יונגעל“ דוד איז מיט אַמאָל אַ מענש געוואָרען, ער איז געוואָרען הער דאָקטאָר זוסמאַן, ער איז געוואָרען גרויס און שטאַרק טאַקי אויך קערפּערליך, אַ פֿול געזיכט מיט אַ שעהן שוואַרץ בערדיל, וואָס פּאַסט איהם זעהר צו זײַנע רויטע באַקען. עליזאַבעטאַ האָט אָנגעקוואָלען קוקענדיג אויף איהם און האָט זיך מיט איהם מיט פֿער־גניגען פֿערבראַכט די צײַט.

און ראָזאַ זעהט עס — און עס פֿערדריסט זי זעהר שטאַרק.

„ער קומט דאָך אין אֱמֶת'ן נאָר צו מיר, — און אויך איהם נעהמט די מאַמע אַוועק...“ האָט ראָזאַ געטראַכט און איהר האַרץ איז שיער צו שפּרונגען.

(פֿאָרטזעטצונג קומט).

## ווי קען מען קינדער אויף בעשטראָפֿען?

ווי געוואוינט מען אָב קינדער פֿון שלעכטע מִדּוֹת? וואָס פֿאַר אַ מיטלען זאָל מען דערצו געברויכען? קען דערצו עפּעס העלפֿען, אַז מען זאָל די קינדער בעשטראָפֿען און מיט וואָס פֿאַר אַ שטראָף קען מען וואָס בעסער, וואָס גיכער דעם קינד אָבגעוואוינען פֿון זײַנע חסרונות? אַזוינע מיני שאלות, פֿרעגט זיך זייער אָפֿט יעדער מענש וואָס האָט נאָר צו טהון מיט קינדער, און וואָס וויל אַז די קינדער וואָס ער ערציעהט זאָלען בְּאֱמֶת זײַן גוט ערצויגען.

כְּדֵי צו וויסען וועלכע שטראָף עס ווירקט אויף די קינדער מעהר פֿון אַלע, מוז מען פֿריהער וויסען, ווי דאָס קינד אַלײן קוקט אויף דער אָדער יענער שטראָף. ווי דערגעהט מען עס אָבער? ווי ווייסט מען, וואָס פֿאַר דעם קינד איז וויכטיגער, וואָס הייסט בײַ איהם, נאָך זײַן קינדערשען שֵׂכֶל, גרויס, שטאַרק? דאָס האָב איך געפּרובט דערגעהן פֿון די קינדער גופֿא. איך האָב בײַ זײ געפֿרעגט מיט וואָס וואָלטען זײ בעשטראָפֿט דאָס קינד, וואָס פֿאָלגט נישט וואָס מען הייסט איהם, ווען זײ וואָלטען געווען די עלטערען אָדער די לעהרערס פֿון דעם קינד. אויף די דאָזיגע שאלה, וואָס איך האָב געפֿרעגט בײַ מעהר פֿון הונדערט קינדער, וועלכע זענען אַלט פֿון 7 ביז 11 יאָהר, האָב איך פֿון אַנדערע בעקומען אַזוינע מיני תְּשׁוּבוֹת, וואָס זענען זעהר אינטערעסאַנט, דען פֿון זײ קען מען האָבען אַ קלאָרען בעגריף פֿון די קינדערשע מיינונגען און פֿאָרשטעלונגען וועגען בעשטראָפֿען.

איך, אַלס לעהרערין אין אַ מעדכען־שולע, האָב נאָר געקענט אויספֿרעגען מיידעלעך.

כְּדֵי די קינדער זאָלען קענען אַרויסזאָגען זייער מיינונג פֿרײַ נאָך זייער שֵׂכֶל נאָך און אויף פֿערשיעדענע אופֿנים, האָב איך דאָס געמאַכט אין אַזאַ פֿאָרמע: איך האָב אויפֿגעגעבען די קינדער זײ זאָלען אויפֿשרײַבען אַ מַעֲשֶׂה'לע פֿון אַ קינד, אַלץ אײנס פֿון אַ יונגעל אָדער אַ מיידעל, וואָס האָט זיך נישט גוט אויפֿגעפֿיהרט, און צום סוֹף מַעֲשֶׂה'לע זאָלען זײ אויפֿשרײַבען זייער מיינונג, מיט וואָס זײ וואָלטען אַזאַ קינד בעשטראָפֿט פֿאַר זײַנע שלעכטע אויפֿפֿיהרונג ווען זײ וואָלטען געווען די ערציהערס פֿון דעם דאָזיגען קינד. די מַעֲשֶׂה'לעך האָבען טהייל קינדער גענומען פֿון זייער אײגענעם קינדער־שען לעבען, אַנדערע ווידער האָבען זיך אויסגעטראַכט מַעֲשִׂיוֹת פֿון אײגענעם קאָפּ. די גרעסערע צאָהל העלדינען פֿון די מַעֲשִׂיוֹת זענען געווען מיידלעך. די נעמען פֿון די מַעֲשִׂיוֹת זענען געווען דאָס רוֹב: „דאָס אונגעהאָרכזאַמע מיידעל“; „דאָס שלעכטע מיידעל“; „דאָס

פוילע מיידעל״: „א מיידעל א ליגנערקע״; „דאס קאפריזנע מיידעל״ און „נישט קיין גוטע מיידעל״. עס פערשטעהט זיך, אז די מיידלעך, פון וועלכע די מעשיות זענען דערצעהלט געווארען, זענען פארגעשטעלט מיט אלערליי חסרונות. אייניגע מיידלעך האבען זייערע מעשיות דערצעהלט פון יונגלעך, און אלע די „יונגלעך מעשיות״ האבען געהאט דעם אייגענעם נאמען: „דאס שלעכטע יונגעל״; נאר איין איינציגע מעשה האט זעהר א לאנגען נאמען, עס הייסט: „א מעשה מיט א יונגעל, וואס האט אלעמען געשטויסען און געשלאגען״.

פון הונדערט מיט צוועלף מיידלעך האט נאר איינע געזאגט, אז מען דארף בכלל מוחל זיין דעם קינד זיינע עבֵרות. איך גיב דא איבער די ווערטער מיט וועלכע דאס מיידעל וואס איז אלט 10 יאהר, זאגט ארויס איהר מיינונג, אז מען דארף מוחל זיין: א מאל איז געווען א מיידעל, געהייסען האט זי סימע. איהרע עלטערן האבען פאר איהר געטהון, וואס זיי האבען נאר געקענט. זיי האבען איהר געגעבען לערנען אין א שולע און אלץ וואס זי האט נאר געברויכט האבען זיי איהר געגעבען. סימע אבער האט ניט געשעצט די מיה, וואס איהרע עלטערן מיהען זיך פאר איהר, און פלעגט זיי נישט פאלגען. די אייגענע סימע האט געהאט א יונגערע שוועסטער, חנה האט זי געהייסען. א מאל איז חנה געגאנגען אין וואלד קלויבען שוועמליך (גריבעס) און איז געבליבען א לאנגע צייט. די מוטער האט געהייסען סימען אויפזוכען די שוועסטער און ברייגגען זי אהיים. סימע אבער האט ניט געוואלט געהען, דער פאטער איז דערפאר שטארק בייז געווארען אויף איהר און האט איהר געזאגט מיט כעס, זי זאל די מינוט געהען ברייגגען חנה׳ן, און סימע האט שוין געמוזט געהן. זי האט געברויכט דורכגעהן א גארטען, וואו עס האבען זיך געשפיעלט איהרע חברה׳ס, איז זי שוין געבליעבען אין גארטען, און איז נישט מעהר געגאנגען זוכען איהר שוועסטערעל חנה׳ן. די זון איז אונטער געגאנגען און סימעס חברה׳ס זענען זיך צוגאנגען אלע אהיים, סימע האט מורא געהאט צו געהען אהיים אהן חנה׳ן, און איז געבליבען אליין אין גארטען, האטש זי האט זיך שטארק געשראקען צו זיין אליין אין גארטען. דערווייל איז חנה געקומען אליין אהיים. די מוטער האט אפילו פערשטאנען, אז סימע מוז זיין אין גארטען, און אז זי האט מורא דארטען צו זיין איינע אליין, פונדעסטוועגען איז זי נאך איהר נישט געגאנגען און האט איהר געלאזען אליין א גאנצע נאכט דערפאר, וואס זי פאלגט קיינמאל נישט. „ווען איך בין די מאמע פון קינד״, שרייבט דאס צעהנייעהריג מיידעל, „וואלט איך איהר נישט געלאזט אליין א גאנצע נאכט אין גארטען, איך וואלט איהר געבראכט צופיהרען אהיים וואלט איהר געלעגט שלאפען אין בעט אריין, און אויף מארגען וואלט איך איהר געזאגט: זעהסט האטש דו פאלגסט מיר קיינמאל נישט, פונדעסטוועגען האב איך דיר נישט געלאזט איינע אליין, ווארום איך געדענק דאס שפריכווארט: „ווער עס ווארפט דיר א שטיין זאלסט דו איהם צוריקווארפען ברויט״. סימע וואלט זיך זעהר שעמען און וואלט שוין נאכדעם געפאלגט איהרע עלטערען״.

איך מוז בעמערקען, אז דאס מיידעל, וואס האט די מעשה געשריבען, האט זעהר פיעל געלייענט, און דעריבער דאט זי פיעל פון בוך ארויסגענומען. די איבריגע מיידלעך אבער, האבען אלע מיט איין הסכם געשריבען, אז מען דארף יא בעשטראפען. דאס בעווייזט אונז, אז דאס געפיהל פון גערעכטיגקייט איז זעהר שטארק ענטוויקעלט ביי די קינדער. און דעריבער קומט אויס נאך זייער מיינונג, אז פאר יעדע זינד דארף מען בעשטראפען. מען זעהט עס דייטליך בשעת מען לערענט מיט קינדער די מעשיות פון חומש, למשל, אז מען האט בעשטראפט קין׳ן דערפאר וואס ער האט געהרגעט הבל׳ן, אדער, אז די מצריים זענען דערטרונקען געווארען ביים ים, דעמאלט שרייען כמעט אלע אויס מיט איין קול: „רעכט אויף זיי, זיי האבען דאס כשר פערדיענט!״

(פארטזעטצונג קומט).

אלישבע ראבינאוויטש.

## פראקטישע ידיעות.

### קלעע אויף צוזאמענקלעבען פארצעליי און פאיאנס.

אין הויזווירטשאפט טרעפט זיך זעהר אפט, אז פארצעלייענע אדער פאיאנסענע זאכען ווערען צובראכען; זעהר א גוט מיטעל, צוזאמענקלעבען די צובראכענע כלים, איז דאס: מען נעמט פישלייםַ*) (קלעע פון פיש) און עסיג־זוירע, ביידע צו גלייכע חלקים, און מען צומישט עס. בעסער איז קריסטאליזירטע ריינע עסיג־זוירע, אבער עס קען אויך בענוטצט ווערען פליסיגער־עסיג־עסענץ (נאר שטארקער). מען לאזט עס פארזיכטיג איינקאכען, ביז עס ווערט אזוי געדיכט, ווי א סיראפ; דער נאך קיהלט מען עס אב, ביז עס ווערט א פערגליווערטע מאסע.

איידער מען וויל די מאסע בענוטצען צום קלעבען ווארעמט מען זי אביסעל אן, זי זאל ווערען פליסיג, און מען שמירט זי מיט א פינזעל אויף די ערטער, וועלכע דארפען צונויפגעקלעבט ווערען. דער נאך דריקט מען שטארק צוזאמען די צוגעקלעבטע שטיקלעך און מען בינדט זיי פעסט ארום מיט א שטריקעל. דער ביי מוז מען אבער אכטונג געבען, אז די שטיקלעך זאלען זיך ביי דעם ארום בינדען ניט אברוקען פון זייער ארט. מען לאזט די צונויפגעקלעבטע כלי אזוי לאנג ליגען, ביז די קלעב־מאסע ווערט אין גאנצען הארט.

מ. בארנשטיין.

### פראגען און אנטווארטען.

פראגע: ווי זאל מען ריינינען פאלירטע מעבעל פון פליעגען־שמוטץ?

חנה צ. אין וו—א.

אנטוואָרט: מען נעמט א ווייכעס טיכעל און מען ווייקט עס איין אין וואסער. דערנאך קוועטשט מען עס לייכט אויס און מען ווישט דערמיט אב די מעבעל. אז די מעבעל זענען שוין אבגעטריקענט, נעמט מען אריין שטיקעל טוך און מען ווייקט עס איין אין קעראסין, מען קוועטשט עס אויס ביז עס ווערט אין גאנצען טרוקען און מען ווישט דערמיט אב דאס מעבעל.

פראגע: וואס זאל מען טהון. אז די האהר הויבען אן אויסקריכען?

אלישבע פ. אין ק—א.

*) אויף פויליש: Rybi klej, רוסיש Рыбій клей, מען קאן איהם בעקומען אין אלע אפטעק־געשעפטען.

אנטוואָרט: מען זאל איינרייבען די הויט יעדען טאג מיט אבגעקאכטע הינין־קארק, צומישט מיט ראָם אָדער מיט קאָנאבעל־שפּירט. דער קאָנאבעל־שפּירט האָט אפילו נישט קיין זעהר געשמאקען ריח, אבער עס ווירקט פיעל בעסער ווי ראָם.

## פאר די מוטערס.

### שפּיעלצייג און שפּיעלען.

א סך מוטערס ליידען זעהר פיעל פון זייערע קליינע קינדער, וואס צוויינען זיך פלוצים און מען קאן זיי טהיילמאלס בשום אופן נישט איינשטילען. די סבה פון זייער וויינען איז אפט, דאס וואס זיי איז זעהר אומעטיג, קינדער ווילען אויך אזוי גוט ווי גרויסע זיך פערברענגען, און דערצו איז דא א גאנץ לייכטעס מיטעל, וואס כמעט אלע קענען עס דערגרייכען, דאס מיטעל הייסט: שפּיעלצייג.

שפּיעלצייג אינטערעסירט אפילו איין קינד, וואס מען האלט נאך ביין ברוסט.

גאר צוערשט מוז מען זיך האלטען אן דעם כלל, נישט געבען קיין קינד א סך שפּיעלצייג מיט א מאל, מען דארף איהם געבען צו־ערשט איינע. זאל עס זיך דערמיט אנשפּיעלען, זאל עס דערמיט גוט בעקאנט ווערען, דעמאלט קען מען איהם געבען א צווייטעס, א דריטעס און אזוי ווייטער און ווייטער. אז מען גיט דעם קינד א סך שפּיעלצייג מיט א מאל ווערען זיי איהם אלע מיט א מאל באלד נמאס. אז עס שפּיעלט זיך אבער נאר מיט יעדעס שפּיעלצייג איינציגוויז, שפּיעלט עס זיך צוערשט גוט אן מיט איינעם, דערנאך מיט דעם צווייטען, דריטען, א. ז. וו.

איז ער שוין פון דעם ערשטען אבגעוואהנט און האט עס פערגעסען קען מען עס איהם שוין ווידער געבען אין הענטעל. גיט נאר אויף א ציקאוועס אכטונג וועט איהר זעהען ווי דאס ערשטע שפּיעלצייג קומט ביי איהם ווידער אוים גאר ווי ניי, גלייך ווי עס וואלט דאס ערשטע מאל עס געזעהען. דאס קינד נעהמט ווידער זיך דערמיט שפּיעלען און שפּיעלט זיך דערמיט אזוי לאנג ביז עס ווערט איהם ווידער נמאס.

גיט נישט דעם קינד קיין שום געפארבטע שפּיעלצייג — עס קאן זיך דערמיט חלילה פערסמ'ען, גיט איהם נישט קיין גאנץ קליינע שפּיעלצייג, ווארום עס וועט נעהמען דאס שפּיעלצייג אין מויל אריין, און קען זיך דערמיט דערשטיקען, דאס קינד קאן עס נאך איינשלינגען און חס ושלום האבען גרויס יסורים דאס גאנצע לעבען, טהיילמאלס גאר שטארבען דערפון.

די בעסטע שפּיעלצייג פאר א קינד איז: 1) א מיאטשיק, 2) א קלאפּער פון ביין, אויך א ביינערדיג רינגעלע, 3) גומינע ליאלקעס.

א מיאטשיק דארף נישט זיין דווקא פון גומי, וועלכער קאסט נישט גאנץ ביליג, מען קען מאכען א מיאטשיק פון פּראסטען ראנאזע אדער וואל און בעציהען עס מיט סיראטע.

שפּיעלט מיט אייערע קליינע קינדער אויך אין פערשיעדענע שפּיעלען: אין בעהאלטעניש, אין בלענדזניש וכדומה.

אט אזוי וועט איהר פערבעסערען דעם קינד זיין לעבען.

קינדער פון איינס ביז דריי יאהר קען מען שוין געבען א ליאלקע צום שפּיעלען, פיגורען פון אלערליי חיות, פויגעל, מענשען און הייזלעך. דאס אלץ קען מען מאכען פון גאנץ פּראסטען האלץ אדער פּאפּ־פּאפּיער (קארטאן). מען קען אויך אויסשניידען פון זשורנאלען פערשיעדענע בילדער, פאר קינדער און עס ארויף קלעפּען אויף פּאפּ־פּאפּיער.

א קינד פון צוויי יאהר קען מען שוין געבען שפּיעלצייג, וואס זענען צוזאמענגעשטעלט פון מעהרערע זאכען: א פערדעל מיט א וועגעלע, א שליטען מיט דעם גאנצען שפּאן, זאל עס דאס קינד פיהרען. לערנט דעם קליינעם צוויי יעהריגען קינד אוים א שען לידעלע. עס איז אויך נוטצליך איהם צו לערנען שפּיעלען מיט זאמד און לעהם און מאכען פון דעם פערשיעדענע שפּיעלצייג און כלים. צום שפּיעלען פאר אזויגע קינדער טויג אויך פערשיעדענע הילצערנע געטאקטע כלים, און אויך ליימענע כלים ווי טעפּלעך, מולטערלעך קריגעלעך, וואס קאסטען געוועהנליך גאנץ ביליג.

(ענדע קומט).

נ. ב.

## אלערליי.

(פערביטען פון ניו־ארק אויף ניו־יארק). א אידישע פרוי, גנעסע פויזנער, איז מיט נאך א יודענע געקומען אין קאנאדא און פון דארטען האט זי געוואלט פאהרען נאך ניו־יארק צו איהר מאן. די פרוי האט מיט זיך מיטגעפיהרט 4 קינדער. פארן אבריייזען איז זי געגאנגען אין שטאָדט אריין עפּעס איינצוקויפען צום עס'ן. אז זי איז צוריקגעקומען צום ים איז דאס שיף מיט די פיער קינדער מיט די זאכען שוין אוועקגעגאנגען. מען האט איהר איין עצה געגעבען, זי זאל פאהרען פון קאנאדא נאך ניו־יארק מיט דער באהן וועט זי קומען גיכער ווי מיטן שיף. זי האט זיך גענוג אנגעליטען ביז זי האט זיך קומענדיג אין ניו־יארק דערפרעגט אויף דאס שיף, מיט וועלכעם איהרע קינדער זענען אנגעקומען. קומענדיג צום האפען, איז שוין קיין פּאסאזשיר אויף דעם שיף ניט געוועזען, מען האט איהר געזאגט, אז דער מאן איהרער איז שוין געוועזען און האט די קינדער צוגענומען, היינט דארף זי געהן זוכען דעם מאן; די אדרעסא זיינע האט זי נישט, קוים מיט צרות מען האט געפונען אין שיף איהר א פּעקיל און דארט איז געוועזען די אדרעסא מעלברי סטריט № 75. פּאליציי האט איהר אוועקגעפיהרט קיין מעלברי סטריט, דארטען וואהנט אבער ניט קיין פויזנער און די ארימע פרוי האט זיך ווייטער ארומגעשלעפּט אין ניו־יארקער גאסען, ביז לסוף האט מען דערגאנגען, אז איהר מאן וואהנט גאר נישט אין ניו־יארק נאר אין ניו־ארק. אז די ארימע פרוי, וואס האט זיך אזוי פיל אנגעליטען, איז געקומען אין ניו־ארק האט זי שוין געטראפען דעם מאן מיט די קינדער, ווארטענדיג אויף איהר, אין דעם הויז № 75 אין מעלברי סטריט, וואס געפינט זיך אויך אין ניו־ארק.

## א דרוק־פעהלער.

אין נומער 4 זייטע 8 צווייטע שפּאלטע שורה 31 דארף שטעהן שטאט די ווערטער: „מען צו לאזט קאכזאלץ אין שפּירטוס אדער אין סאלמיאק“: מען צולאזט קאכזאלץ אין שפּירטוס מיט סאלמיאק אדער סאלמיאק־גייסט. אויף רוסיש הייסט עס: Нашатерный спиртъ

Herausgeber Verlag »Volksbildung«. Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau. Druck v. S. L. Deutscher, Podgórze b. Krakau.